I Rok. Gazeta Żydowska Robotnicza Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 12.

די אדרעסע פון דער רעדאקציע
און אדמיניסטראציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.

טעלעפאן נומער 624

איינצעלנע נומער 8 העל.

יודישע
# ארבייטער=צייטונג

ארגאן פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז:
יעהרליך: 4. קראנען.
האלביעהרליך: 2. קראנען.
פיערטעליעהרליך: 1. קראנע.

פרייז פון אנאנסען:
פיר יעדער שורה פעטיט ארער
איהר פלאטץ 10 העללער.

Kraków, piątek 23 czerwca 1905. נומער 12. קראקוי, 23 יוני, 1905.

## גענאסען, פערשפרייט די „יודישע ארבייטער צייטונג".

## א פארטיי אהן א פראגראם.

א ספעציעל גאליציאנער ערשיינונג וועלען מיר אין דעם לייט־ארטיקעל בעטראכטען: א פארטיי, וואס האלט שוין אב דעם צווייטען פערבאנדסטאג, וועלכע ניט בעריכטען פון איהר צוויייעהריגער טהעטיגקייט, איז פשיטא כמשמעו אהן א פראגראם. וואס איז אזוינס א פראגראם און וואס איז ער פאר דער פארטיי. א פראגראם בעשטעהט פון צוויי טהיילען: א נאהנטען און א ווייטען, אדער מינימום און מאקסימום. א פראגראם איז דער פלאן פון דער פארטיים טהעטיגקייט. אזוי ווי דער ארחיטעקט מוז האבען א גענויען פלאן פון בנין בעפאר ער טרעט צו צו ארבייט, אזוי מוז יעדע פאליטישע פארטיי האבען א גענוי־אויסגעארבייטעטען פראגראם, אויב זי וויל ווירקליך ארבייטען. דער נאהנטער פראגראם מוז זיין ענג פערבונדען און לאגיש ארויסגעדרונגען פון דעם פראגראם אויף שפעטער. ווייל ווען ניט, קען די גאנצע ארבייט זיין ארויסגעווארפען.

היינט שטעלט אייך פאר די פארטיי „פועלי־ציון" אהן א פראגראם, אהן א מינימום און אהן א מאקסימום־פראגראם און וועלכע פיהרט דאך א טהעטיגקייט און וועט איהר אייך גלייך דערמאהנען די בעריהמטע רוסישע אינזשיניערען פון דער סיבירער אייזענבאהן, וועלכע האבען געזאלט צופיהרען די אייזענבאהן צו א טייך: איינער פון איין זייט און דער צווייטער פון דער צווייטער זייט. ווען זיי האבען געענדיגט די ארבייט האט מען זיך ארומגעזעהן, אז איינער האט צוגעפיהרט די אייזענבאהן צום טייך מיט העכער צעהן ווארסט ווייטער ווי דער צווייטער.

מיר האבען נאך ניט קיין גענויען בעריכט פון דעם צווייטען פערבאנדסטאג, וועלכער האט שטאטגעפונדען דעם 18־טען ד. מ. אין קראקוי, נור דער „צענטראל־ארגאן" דערמאהנט שוין פארויס „אלע וואס ערווארטען פונ'ם פערבאנדסטאג די אויסארבייטונג פון א פראגראם, אז דאס קען ניט געמאכט ווערען פון איין טהייל פון דער אינטערשטאאטליכער פועלי־ציון־פארטיי, דאס איז די זאך און די אויפגאבע פון א אלוועלטליכער פועלי־ציון־קאנפערענץ (אויב מען קען בכלל רעדען פונ'ם „מאכען" א פראגראם)". הייסט עס, אז די „פועלי־ציון" וועלען ווייטער בלייבען אהן א פראגראם און וועלען ווייטער „ארבייטען" אהן א פלאן און אהן א סדר. און ווי געפעהלט אייך די פיליזאפיע, אז מען קען קיין פראגראם, בכלל ניט אויסארבייטען. א פיערצעהנטער אני מאמין!

מיר וועלען זיך דא ניט אבשטעלען אויף דעם פערשיקען זיך אויף די „פועלי־ציון" פון אנדערע לענדער און אויף די אלוועלטליכע קאנפערענץ. מיר וועלען דא נור בעטראכטען איין פראגע: ווארום האבען די גאליציאנער „פועלי־ציון" קיין פראגראם ניט? מיר זענען זיי ניט חושד, אז זיי זאלען האבען וויינעגער טהעארעטיקער פאר די ספעראטיסטען, וועלכע האבען אין פערלויף פון 5 מינוט, אהן א דיסקוסיאן, בעשלאסען א פראגראם. די אורזאכע איז א גאנץ אנדערע; ווייל עס איז אונמעגליך צונויפשטיקעווען דעם פועלי מיט'ן ציוניזמוס. לייכט איז צו רעדען אדער זאגאר אין א פראקלאמאציע צו שרייבען, אז מיר זענען אי ציוניסטען אי סאציאליסטען. אין דער אמת'ען אבער זענען עס צוויי בעגריפען, וועלכע זענען סותר איינער דעם אנדערן. מיר וועלען עס אין קורצע ווערטער ערקלעהרען. וואס איז אזוינס סאציאליזמוס? ניט קיין סינטעמענטאלע רעליגיאן פון אבסאלוטע גערעכטיגקייט, א מאראלער געבעל פון יושר און רחמנות. סאציאליזמוס איז א שטרעבונג פון דער ארבייטער קלאסע צו בעקומען די פאליטישע מאכט אין איהרע הענד. כדי נאכהער אין געזעצגעבערישען איפן אבנעהמען די ערד און די פראדוקציאנסמיטלען ביי די בעזיצענדע קלאסען. אום דאס צו דערגרייכען, מוז די ארבייטער קלאסע זיין שטארק, מוז זיך ארגאניזירען; יעדער זיעג, צו א פאליטישער צו א עקאנאמישער, פון דער ארבייטער קלאסע היינט איז א שריט פארווערטס אויף דעם וועג פון גענצליכען זיעג.

וואס איז אזוינס ציוניזמוס? — א שטרעבונג צו בעשאפען א בעזונדער־היים פאר די יודען אין פאלעסטינא (אונזערע „פועלי־ציון" זענען נאך אויף צרות ציוני־ציון און גענגער פון וואסער עס איז טעריטאריום אויסער פאלעסטינא).

היינט פרובט פעראייניגען די צוויי שטרעבונגען: דער יודישער פראלעטאריאט וועט דא קעמפפען אום די פאליטישע מאכט כדי אבנעהמען די ערד און די פראדוקציאנסמיטלען ביי די בעזיצענדע קלאסען און נאכהער וועט ער עס אלעס לאזען און אוועק קיין פאלעסטינא. מיר וועלען שוין דא ניט בעריהרען די פראגע: ווי אזוי, מיר וועלען נור אונטערצייכענען איינס: אז די צוויי שטרעבונגען זענען איינע די אנדערע סותר און דעריבער איז זיי אונמעגליך צוזאמען איינפאסען אין ראהמען פון איין פראגראם.

די „פועלי־ציון" פון רוסלאנד זענען איצט בעשעפטיגט צוגלייך מיט אלע אהן אנ'אויסנאהם בירגערליכע פארטייען אין קאמפף מיט דעם צארישען אבסאלוטיזמוס. מען קען אלזא פון זיי קיין ראיה ניט ברענגען.

און אז מיר זעהען דאך ארבייטער וועלכע רופען זיך: „פועלי־ציון", מוזען מיר זאגען, אז זיי ווייסען ניט וואס ציוניזמוס איז, אזוי ווי זיי ווייסען ניט וואס איז סאציאליזמוס.

אזא פארטיי קען טאקע גאר ניט טהון: ווען זי טרעט־צו צו א סטרייק, אדער א פאליטישען קאמפף איז זי געבונדען מיט'ן ציוניזמוס; ווען זי פאהרט ווידער אויף א ציוניסטישע קאנפערענץ (קיין אנדער ציוניסטישע טהעטיגקייט זעהען מיר ניט) בעקומט זי שפעטער א קאטצעניאמער צוליעב איהר סאציאליזמוס. און מיר זעהען טאקע, אז זי האט זיך מיט גאר ניט אויס צואווייזען, אויב מיר וועלען ניט רעכענען דעם סטרייק פון די בעלפער, וועלכע וועלען נאכ'ן זיעג קענען „לערנען שבת א פרק משניות" און עטליכע באיקאטען, אין וועלכע זיי האבען געשפיעלט א קליינע ראליע. דערפאר אבער ליענט די פארטיי ווי א שטיין אויף דעם ענטוויקלונגס־וועג פון די האנדעלס־אנגעשטעלטע און לאזט א געוויסע טהייל ניט צוטרעטען צו דער ארגאניזאציע. דער פאקט, אז א טהייל יודישע ארבייטער — די ספעראטיסטען — האבען, ווי דער „יודישער ארבייטער" פרעהט זיך, געמאכט א שריט צו די פועלי־ציון, דאס איז ווירקליך א טרויעריגע ערשיינונג, אבער מיר גלויבען, אז דער געזונדער קלאסען־אינסטינקט פון אונזערע ביזהעריגע גענאסען וועט זיי אין ניכען ווייזען, וואו אהין זיי קענען פערקריכען און זיי וועלען דאן מאכען צוויי טריט צוריק.

נור איין זאך האבען זיי געטהון צוזאמען מיט די גרעסטע שונאים פון דעם יודישען ארבייטער: זיי האבען אונז פון דער ערשטער מינוט אן בעווארפען מיט שמוץ, זיי האבען געמאכט פון אונז, יודישע ארבייטער, שונאי ישראל, אנטיסעמיטען, אסימיליאטארען א. ז. וו. נור דערפאר, ווייל מיר ווילען ניט גלויבען אין זייערע ווילדע פאנטאזיעס. גאר מיר זענען אין

דער „בעשיצער" (א מין פרעזידענט) פון ענגלאנד נאך די הינריכטונג פון קעניג קארל דעם ערשטען, דער בעריהמטער יודישער פאטריאט און נעלעהרטער ר' מנשה בן ישראל האט דאס אויסנעכלאפאטשעט ביי אליווער קראמוועלען, אז די יודען זאלען זיך מענען צוריק אומקעהרען קיין ענגלאנד. באלד נאך זייער צוריקקעהרען זיך אין דובלין האבען דארט די יודען נעגרינדעט א שוהל. אין מיטען פון דעם 18־טען יאהרהונדערט איז שוין דא א יודישע קהלה אין דער שטאדט קארק, אויך זענען דא שוחטים אין אנדערע שטעדט, און דאס הייסט, אז איינצעלנע יודען זענען שוין דאן נעווען צוזווארפען איבער פערשיעדענע פלעצער. אבער רייך זענען די אירישע יודען דאן נים נעווען, והראיה די שפאניש־פורטוגעזישע יודען פון לאנדאן האבען נעמוזט פאר גוטינג … צו פארהעלפען.

אין 1745 נעפינען זיך אין דובלין 200 יודישע נפשות. אין 1746 ווערט אין דעם אירישען פארלאמענט אריינגעטראגען א ביל, אז יודען זאלען קענען ווערען בירגער גלייך מיט אללעמען. דורכ'ן פארלאמענט איז דער ביל דורכגעגאנגען. אבער דער קעניג האט אים נע'פסל'ט. אין אנפאנג פון 19־טען יאהרהונדערט האט די דובלינער קהלה נענומען פאללען און די שוהל האט זיך צונעמאכט. אין 1820 איז די יודישע קהלה נעגרינדעט נעווארען פון דאס ניי און זייט דעמאלט אן שטעהט זי נים שלעכט. אין עטליכע יאהר ארום האט זיך אין אירלאנד אנגעהויבען א בעוועגונג אז מען זאל יודען נעבען גלייכע רעכטע. צווישען די וויכטיגסטע קעמפפער פאר די יודישע רעכטע זענען נעווען דעניעל א'קאננעל און דער הערץ ־בישאפ פון דובלין, ביסלעכווייז האבען זיך די יודען פון אירלאנד דערשלאגען פאליטישע רעכטע. אירלאנד האט שוין נעהאט יודישע פרעזידענטען און אנדערע יודישע בעאמטע. איין יוד, סיר אטטאדזשאפפע איז צוויי מאל נעווען לארד מעיאר פון בעלפעסט, און איין מאל היי־שעריף.

קיין סך יודען וואוינען אין איירלאנד נים. אין גאנץ אירלאנד זענען איצט דא ארום 4 טויזענד יודען. און אין אמת'ן וואס טויג א לאנד פון וועלכער די איינגעבארענע אליין צולויפען זיך?

קיין אנטיסעמיטיזמוס איז אין אירלאנד ניטא. אזוי ערקלעהרט טאקע דערזעלבער סיר אטטאדזשאפפע, וועגען וועלכען מיר האבען פריהער דערמאנט.

דער פאגראם אין לימעריק איז ארויסנעקומען דורך פאליטישע אורזאכען, און נים דורך יודישע קאנקורענץ אדער דורך רעליגיעזען האס.

אין אירלאנד נעפינט זיך א סך מאטעריאלען פאר יודישע געשיכטע. זיי נעפינען זיך אין דעם „טריניטי קאללעדזש" אין דובלין. דארטען זענען דא דאקומענטען וועגען דער אינקוויזיציאן. דארטען איז אייך דא א פראטאקאל פון אן עלילת דם פראצעס, וואו די יודען זענען מערקווירדיגערווייזע בעפרייט נעווארען, און אויך איינינע אלטע העברעאישע ביכער.

# פון פראווינץ.

לעמבערג דען 18 יוני 1905.

נעעהרטע רעדאקציאן! איך האב היינט אין אייער בלאט נומער 11 אונטער דעם טיטעל „די פעריזאמלונג פון די האנדעלס אנגעשטעלטע" איין ארטיקעל נעלעזען, וועלכער האט מיך נלייכצייטינ מיט פרייד, און מיט טרויער ערפילט, מיט פרייד אז עס איז אונזערע גענאסען אין קראקוי נעלונגען די זייגער 8 שטערע צו ערווירקען, און מיט טרויער, אז ביי אונז אין לעמבערג ווי עס איז דאך דא מעהר האנדעלסאנגעשטעלטע ווי אין קראקוי. ווערט אין דער אנגעלעגענהייט נאר גישט נעטוהן, און די שעפס זענען אבסאלוטע הערשר און טוהען, וואס זיי ווילען. —

איך צום בייששפיעל בין אנגעשטעלט ביי א יודישען שעף, און ווער פון איהם אן רחמנות אויסנעניצט, איך האב קיין שבת און קיין יו"ט, ווייל ער האלט שבת און יו"ט אפען, זינטיג שפערט ער דאס נעשעפט זייגער 3 האלב 4. אין קריסטליכען יו"ט שפערט ער גאר נישט, אין נעשעפט מוז איך 7 האלב 8 אין דער פריה קומען, און אהיים נעה איך ווען דעם שעף געפעלט, אין דעם סעזאן זייגער 12—1 און צומאל אויך זייגער 2 אין דער נאכט, נאך דער סעזאן אבער איז מיין שעף הומאן, און ווען ער האט זיך שוין גוט אנגעגעסען און אנגעטרינקען, זאגט ער צו אונז, ארום זייגער 10 האלב 11: קינדער! איך ערלויב אייך היינט אביסעל שפאציערען צו געהן. און דאס אלעס, און נאך ערגערע אויסבייטונגען נעשעהען אין דער הייפטשטאדט פון נאליציען!

---

אויף זיך. מען האט זיי דאךביידע ארעסטירט. עס איז שוין נעווען נענונ ליכטיג ווען מען האט זיי נעפיהרט אין ציטאדעל, איין נענאסע האט חיים שלמה'ן נעזעהן. אויפ'ן צווייטען אבענד האט מען נור נעריערט וועגען איהם; פון אלע זייטען האט מען דעם נענאסע, וואס האט איהם נעזעהן, בעווארפען מיט פראגען. ווי האט ער אויסנעזעהן? — בלאס ווי א שבת טישטוך; די אויגען האט ער געהאלטען אראבגעלאזען. איך בין זיי נאכנעגאנגען, אט אזוי נאהנט, ווי איך שטעה פון אייך, איך האב נעמיינט, ער וועט מיך דערזעהן און נעבען עטוואס א צייכען. ער האט אבער נעהאלטען אין איין קוקען אויף דער ערד. — ער וועט נעבאך האבען דאס זייניגע — האבען עטליכע נעזיפצט. — עט! האט איינער אין א זייט זיך אנגערופען. מען איז אבער אויף איהם אנגעפאלען, דאס ער איז נעשווינד אוועק. — וואס, ועמען וועט מען האלטען, ווען נים חיים שלמה'ען?

— און דער צווייטער? האט ווידער א נענאסע א פרעג נעטוהן. — וואס דער צווייטער? האט מען איהם אבער איבערנעריסען: א נענאסע ווי אלע נענאסען, נים בעסער און נים ערגער. ער וועט אביסעל אבזיטצען און מען וועט איהם בעפרייען.

אבער מען האט איהן נאך נים רעכט אבנעקלאגט, עס איז נאך נים אוועק קיין צוויי חדשים און חיים שלמה איז בעפרייט נעווארען. אכט א זייגער ביי דער נאכט, ווען אין קאנספיראטיווע הויז איז נעווען פול מענשען, איז שטילערהייט אריין חיים שלמה. מען האט איהם אבער גלייך דערזעהן. חיים שלמה!!! האט זיך פון צעהנדלינער הערצער ארויסנעריסען א נעשריי. — יא, דאס בין איך, דער זעלבינער. פון אלע זייטען האבען זיך געשאטען פראגען. ער האט אבער אליין אנגעהויבען דערצעהלען: „איהר זעהט אט, אנדערע זיטצען יאהרען און איך בין שוין פריי. מען דארף נור זיין א מענש, דאן האט מען די זשאנדארמען אין דער ערד. אט, צו האט איהר דען א בעגריף, וואס איך בין אונטער דער צייט אויסנעשטאנען. די זשאנדארמען האבען אנגעווענדעט אלע כחות, האבען אויסנעגראבען פון אונטער דער ערד מיטלען, אבי מיר פארקאפען. נור מיט מיר איז זיי אבער נים אזוי לייכט אנגעקומען, און — ווי איהר זעהט — איך בין שוין פריי". און וואס האט איהר נעטהון? האט זיך א שטיל קול אבנערופען. — וואס איך האב נעטהון? איך האב גאר נים נעדארפט טהון; די זשאנדארמען האבען נעציטערט פאר מיר אימת מות; זיי האבען נעוואוסט, אז מיט מיר מאכט מען קיין חכמות נים. קיים האט א זשאנ־דארם א הויך ווארט נערעדט האט ער באלד נעקרינען א בענקעל אין קאפף. זיי האבען טאקע נעהאט דרך ארץ.

— דערצעהלט, דערצעהלט, האבען זיך געלאזט הערען שטימען.

— אט גלייך אויפ'ן צווייטען טאג רופט מען מיך צום ראפארט. איך קום אריין אין צימער און זעה מיך אנידער נעבען טיש. אנטקעגען זיטצט א מאסקאל, א ריז, איך האב נאך אזוינס נים נעזעהן, מען האט א פנים אומישנע אויסנעקליבע א גוג מגוג, איך זאל מיך איבערשרעקען, חיים שלמה איז אבער קיין בעל פחרן נים.

— וואו רופט מען דיך? פרענט זיך דער אפיציער.

— וואס דוצט איהר מיר, רוף איך מיך אן.

— ווער ביסט דו דאס פיר א איינער.

— איך? חם איינער! צו ווייסט דו נים אז דיינע עלטערן זענען ביי אונז נעווען אין נלות.

— ביי וועמען?

— ביי אונז, ביי פאליאקען.

— זשיד איינער! ביי אייך זענען מיר קיינמאהל נים נעווען אין גלות. ער האט נאך אבער די ווערטער נים נעענדיגט, אז איך שפרינג נים אויף און חאפ נים דאס בענקעל און גיב איהם אין קאפף, אז עס איז אויף שטיקער צובראכען נעווארען.

דער ערשטער מאי איז נעווארען אלץ נעהנטער. די הכנות זענען נעווען גרויסע. די ארבייטער האבען נעוואלט צוקלעפען און פערנאנדערווארפען פראקלאמאציאנען; די פאליציי, זשאנדארמען און גאר סטרושען האבען נים נעוואלט צולאזען דערצו. שוין א וואך פארדעם האט מען אנגעהויבען קלעפען און פעראנדערטהיילען מאי־בלעטלאך. אויך דא איז חיים שלמה נעווען דער גאנצער רעדעלפיהרער: „עס איז נים קיין קונץ צו זיטצען אונטערן אויווען, עס איז נים קיין קונץ ארויסנעהן מיט א גאנצע מחנה אויפ'ן גאס — דארט איז מען זיכער, אליין נעהן אט דאס איז א קונץ; זיין אצווייטער דוד, וואס האט אליין נעטוידט גלית הפלשתי, דאס איז א קונץ. עס איז א ריזיקע, נור לאזען מיר בעווייזען, דאס מיר נעהן אין פייער אריין, אז מיר האבען פאר קיינעם קיין מורא נים". פיעל האבען דערביי נעזיפצט און אבנערוקט זיך אן א זייט. פיעל אבער זענען גרייט נעווען נעהן אין פייער און — זענען נענאנגען: „איך וואלט אליין נענאנגען, האט חיים שלמה נע־

דעם פֿאל קיין אויסנאהם ניט, דאס זעלבע פּאסירט מיט די סאציאליסטען פֿון אלע אנדערע נאציאנען; אויך זיי רופֿען די בעזיצענדע קלאסען קאָס־מאָפּאָליטען, שונאים פֿון אייגענעם פֿאלק גור דערפֿאר, ווייל זיי זענען ניט קיין שאָוויניסטען, ווייל זיי ווילען איבער קיינעם ניט הערשען. אויך דאָרט געפֿינען זיך ארבייטער, וועלכע זענען פֿערבלענדעט פֿון די קאפּיטאליסטען און וואַרפֿען זיך אויף זייערע קלאסענברידער.

וועהרען זיך געגען אזעלכע נידערטרעכטיגע פֿארוואורפֿען איז איבעריג און אונטער אונזער כבוד.

אזוי זעהט אויס די פּארטיי אהן א פּראגראם, די גאליציאנער פּועלי־ציון. וואָרן — וועלען מיר נאכזאגען מיט דעם „יודישען ארבייטער“ — נאכ׳ן זאמען וואס מען זייעט, וואקסט אויס דער בויס.

---

# דער יודישער דיכטער.

כ׳וויל זיך מיט מיין מוזע גט׳ן
זי האָט קיין גליקען מיר געבראַכט,
כ׳בין פֿון איהר פֿערשוואַרצט געוואָרען,
קראנק נור האָט זי מיר געמאַכט.

גו, זיך גט׳ן... וואָס׳זשע קלעהרסט דו,
נעם די ליעדער און פֿערברען...
הילט זיך אָבער אויך דאס גט׳ן
גלייך בעשרייבען מיט דער פּען...

און ווערט א נייע ליעדעל,
און די מוזע שמייכעלט ליעב:
אָרמער זינגער, בלאַסער זינגער,
דו ביזט מייגער ביז׳ן גרוב...

א. ר.

---

# די יודען אין אירלאנד.

די צאהל פֿון די יודישע איינוואוהנער פֿון אירלאנד איז זעהר קליין, און מען וואלט זיך מיט זיי פֿיעלייכט גאָר ניט אינטערעסירט, ווען ניט דער פֿאַר א יאָהריגער פּאָגראָם אין לימעריק. דער לימעריקער פּאָגראָם האט גע־בראכט דערצו, אז מען זאָל זיך דערמאנען, אַז אין איירלאנר זענען אויך דאַ אביסעל יודען, און אז מען זאל נעהמען פֿרעגען ווי געהט עס די יודען דאָרטען.

אין דעם „דזשואיש קראָניקעל“ פֿון 31־טען מערץ געפֿינען מיר דעם אינהאלט פֿון א לעקטשור וואס איז ניט לאנג בעהאלטען געוואָרען אין לאָנדאָן וועגען די יודען אין אירלאנד און פֿון דער דעבאַטע וואָס איז געווען נאך דער לעקטשור. מאנכע פֿאקטען פֿון דאָרט וועלען מיר דאַ איבער־געבען.

די געשיכטע פֿון די יודען אין אירלאנד פֿאנגט זיך אָן — אין פֿון וועלכע יודען די געשיכטע פֿאנגט זיך דערמיט ניט אָן? — מיט אלערליי בבא־מעשיות. אַז די אירישע זענען דאָס די פֿערלאָרענע עשרת השבטים. דעם ערשטען מאָל אין דער יודישער געשיכטע — דעם מאָל איז דאָס שוין א ראיעלע געשיכטע — ווערן יודען דערמאנט אין דעם יאָהר 1078, אָבער דאס זענען בלויז געווען יודישע געסט ניט קיין איינוואוהנער.

אויף זיכער ווייס מען, אז יודען האבען שוין געוואוינט אין אירלאנד אין 1232. געוואוינט האבען זיי אין דער אירישער הויפּטשטאדט דובלין, אָדער דערביי. דער ענגלישער קעניג העגריך דער דריטער האט מעהרערע יודע פֿארשיקט אין אירלאנד פֿאר דעם שרעקליכען פֿארברעכען וואס זיי זענען בעגאנגען — דערמיט וואָס זיי האבען איהם ניט געוואָלט „לייהען“ (אויף ניט אוועקגעבען) קיין געלד. די פֿערשיקטע האָבען אירלאנד זעהר ניט גע־ליטען, אָבער צו די שנאה צו אירלאנד איז נאר געווען ביי די נגידים צו בי די יודען אין אלגעמיין, ווייס מען ניט. אין 1290 זענען די יודען ארויסגע־טריבען געוואָרען פֿון ענגלאנד, און נאטירליך די אירישע יודען האט מען אויך ניט געשאָנעוועט און פּונקט ווי אין ענגלאנד דערהערען מיר פֿון די יודען אין אירלאנד ווידער א מאל ווי פֿון שטענדיגע איינוואוהנער ערשט אין די צייטען פֿון אָליווער קראמוועל (1642—1721), וועלכער איז געווען

---

# פֿעליעטאָן.

סססס

## חיים שלמה.

### א מעשה שהיה.

---

חיים שלמה איז געווען אומעדום דער ערשטער; צו אגיטאציאָן איז ער געווען ווי בעשאפֿען; אויף פֿערזאַמלונגען האָט ער גערעדט אזוי פּראָסט, אזוי איינ־פֿאַך אז אָט — אויב מיר וועלען זוכען א גלייכען — גור שרה רייזעל די טיקערין, וועלכע לייענט פֿאָר די תחינות פֿאר די ווייבער, וואָס קענען געבאָך אליין ניט לייענען, אין די ימים נוראים. זיין מויל איז געווען צוקער זיס. ווען ער פֿלעגט אָנ־הייבען ריידען וועגען סאָציאַליזמוס, וועגען דעם, ווי אזוי עס וועט א מאָהל זיין גוט, איז יעדעס וואָרט צוגאָנגען אין מויל ווי צוקער, אָדער — נאָך בעסער — ווי מאָנצקע.

און גערעדט האָט ער זעהר אָפֿט. אויף פֿערזאמלונגען, צוזאַמענטרעפֿענדיג זיך מיט די אַרבייטער אויף די אבענד־לעזונגען און זאָגאר מיט יעדען ארבייטער בעזונדער. ער פֿלעגט געוועהנליך אָנהייבען זיין רעדע מיט א פּאָר פֿערזען — נאַטירליך אייגענע — וואָס האָבען געזאָלט זיין די סמעטענע און גאָבהער האָט זיך ערשט אָנגעהויבען די זויערמילך, „אונזערע עלטער ווידעס האָבען איינגעליינט יריחום מויערען מיט א געשריי, אונז געגונט, מיר זאָל א קוק טהון אויפֿ׳ן פֿיינד, ער זאָל אונז נאָר א בליק טהון אין די אויגען, ער זאָל באלד מיתה משונה קריגען פֿאָר שרעק. אָבער דער בליק מוז זיין א דרייסטער, א מוטהיגער, א עזות־פּנים׳דיגער, אָט אזא“. דערביי פֿלעגט ער א דריי טהון מיט׳ן קאָפּף און פֿון זיינע אויגען, וואָס זענען געווען פֿארשטעלט מיט גראָבע גלעזלאַך האָבען זיך געשאָסען פֿונקען.

אויף די פֿייערונגען איז ער געווען דער פֿרעהליכסטער; ער האָט געטאנצט ווי א חסיד בשעת שמחת בית השואבה, געזונגען אסך בעסער ווי אברהם אהר׳ן דער מלמד. אויב אברהם אהר׳ן האָט מען גערופֿען „דער קופּערנער גאָרגעל“, האָט מען חיים שלמה׳ן געמעגט רופֿען דער שטאָהלענער גאָרגעל. ער האָט זיך אזוי געפֿרייט, אז — ווי ער האָט אליין געזאָגט — די נשמה איז איהם שיער ניט ארויסגעשפּרונגען פֿאר שמחה.

ווען מען האָט געזאָלט אָנהייבען דעמאָנסטרירען, האָט חיים שלמה געזאָגט: פֿון היינט אָן געהען מיר ארויס אויפֿ׳ן גאס; גענוג שוין בעהאלטען זיך אויף די דריטע שטאָקען, אין די קעלערס. גענוג שוין געציטערט פֿאר די זשאַנדאַרמען, שפּיאָנען. אויפֿ׳ן גאס, אויף דעם קראָקויער פֿאָרשטאָדט. דאָרט וועלען מיר זיי בעגעגענען; מיר וועלען זיך שוין מעהר ניט וועהרען — מיר וועלען אָנפֿאַלען. און מיר וועלען זיעגען! ווער עס איז א בעל פּחדן זאָל זיטצען אין דער היים; ווער עס איז א בעל רחמנות זאָל זיך דאָרט ניט ווייזען. זיי וועלען אונז נור שטערען. מיר מוזען זיין זעלנער, יאָ זעלנער; יעדער איינציגער פֿון אונז מוז זיך סטאַרען צו זיין דער ערשטער זעלנער, דער פֿעהיגסטער, דער מוטהיגסטער. דאן וועלען מיר זיעגען“.

אויף די דעמאָנסטראציאָנען איז ער כמעט שטענדיג געווען א רואה ואינו נראה, דערפֿאַר נאָך דער דעמאָנסטראציאָן פֿלעגט ער אָם מעהרסטען וועגען איהר רעדען. ער פֿלעגט דערצעהלען, ווי אזוי ער האָט געזונגען דעם פּאָליצמייסטער אונטער׳ן אויער די „רויטע פֿאָהן“, ווי אזוי ער האָט ארויסגעריסען נאהייקעס ביי די קאָזאַקען פֿון די הענד ארויס, אָט, אזוי ווי איהר זעהט, מיט די צעהן פֿינגער. ער האָט בעדויערט וואָס מען האָט צו וועניג געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. עטליכע האָט ער פֿאַרגעוואָרפֿען, דאָס זיי זענען צו פֿריה אוועק פֿון פּלאַטץ. אפילו די פֿרייליין די וואָס איז אזש אייזערנע געוואָרען שרייענדיג: דאָלאָי צאַריאַ — מעהר האָט זי געבאָך ניט געקענט — האָט אויך געקריגען דאָס איהריגע: „אָט נעהמט א ביישפּיעל פֿון מיר. איך בין דאָך אויך נור א מענש און פֿון דעסטוועגען ווען אידר וואָלט זעהן, וואָס איך האָב היינט אויפֿגעטהון! ניט מיר צעהן אזעלכע ווי איך און איך מאַך א רעוואָלוציאָן, פּפֿו א פּאָווסטאַניע אין ווארשא“. אלע אנוועזענדע האָבען דער ביי אראָבגעלאָזען די קעפּף. זיי האָבען געוואוסט, דאָס ניט גור צעהן נור זאָגאַר א צוויטען וועט מען מיט ליכט אויך ניט געפֿינען!

א מאָהל האָט מען איהם ארעסטירט. ביי דער נאַכט זענען זשאַנדאַרמען אריינגעפֿאַלען אין צימער וואו ער האָט געוואוינט מיט א חבר, געמאַכט א רעוויזיע און געפֿונען א פּאָר אומלעגאַלע בראָשורען. דער חבר האָט גענומען די ביכלעך

פּראָגראמם. סאָציאַליסטען, מיר ווינשען זיי די אָרג. זאָל געדייהען און די פּראָפעסיאָנעלע ארבייטער וועלכע ארבייטען נאָך 14 שטונדען אים טאָגע צו אידרע ציעלע פיהרען.

הערמאַנן פוקס.

# כראָניק.

דער בערדיטשעווער יוד'ל ר' משה כ־ן בעשעפטיגט זיך אונטער אַנדערע אויך מיט שרייבען קאָרעספּאָנדענצען אין פעטערבורגער „פריינד". אנדערש ווי א געשעפט קען מען ניט בעטראַכטען אַיזוי'ס שרייבען, וואו דער שרייבער האָט שרייבענדיג א פּנים ניט געטראַכט וועגען וואָס ער שרייבט, נור געצעהלט די שורות... מיר האָבען דעריבער געלעזען אין „פריינד" אַזעלכע נארישע און פוסטע קאָרעספּאָנדענצען פון גאַליציען וועלכע עס איז אונז זעלטען פאָרגעקומען צו לעזען זאָגאַר אין יודישע צייטונגען. דער לעזער, וואָס קען ניט גאַליציען, האָט געקענט מיינען, אַז אין גאַליציען איז שטיל ווי אויף א שניפּישקער בית הקברות. מיר האָבען איהם פערענטפערט אין זינען דערמיט, אַז וועגען וויכטיגע ענינים טאָר מען אין רוסלאַנד ניט שרייבען. איצט אָבער האָט זיך אין רוסלאַנד פיעל געענדערט, דער „פריינד" אינפאָרמירט און שרייבט כמעט איבער אַלעס וויכטיגעס אין געזעלשאַפטליכען לעבענס. איצט איז די צייט — האָבען מיר געטראַכט — אויך אויף דעם גאַליציאַנער קאָרעספּאָנדענט, און ווירקליך אין נומער 117 האָבען מיר דערזעהען א קאָרעספּאָנדענץ פון ה. מ. כ־ן איבער א וויכטיגען ענין — וועגען דעם יודישען סעפּאַראַטיזמוס. מיר האָבען זיך ניט פאַרגעשטעלט, דער בערדיטשעווער יוד'ל זאָל אזוי מיט ברוֹיכען דעם פערטרויען פון דעם „פריינד" און אזוי איינזייטיג איהם אינפאָרמירען, רעכענענדיג זיך אויף דעם, אַז די „יודישע ארבייטער צייטונג" קען זיך פאַר די רוסישע לעזער ניט וועהרען... דאָס איז זעהר ניט פיין, מיר האָבען זיך עס טון א ציוניסט זאָגאַר ניט געריכט. א נייע יודישע „פּאַרטיי". מען קען זיין פאַר איהר און געגען איהר; איך פערשטעה זאָגאַר, אַז ה. מ. כ־ן אלס א ציוניסט וועט זיך פאַר די סעפּאַראַטיסטען אָננעהמען, אָבער וואַרפען רכילות, פערשפּרייטען צווישען לעזער, וועלכע הויבען איצט אָן צו געניסען פון דער פרייהייט. ליעגענס און לשון הרע איבער פּערזאָנען, צייטונג און פּאַרטיי — דאָס איז — זאָגען מיר נאָך אַמאָל — עקעלהאַפט.

אָט זענען עטליכע פּראָבען, ווי אזוי ה. מ. כ־ן אינפאָרמירט און ווי אַזוי ער בעלייכט די ערשיינונג:

„די פּוילישע אויטאָנאָמיע גרופּע שפּיעלט די גרעסטע ראָליע אין דער עסטרייכישער ארבייטער־פּאַרטיי"; „יש אומרים" אַז דער רוב פון איהר (ארבייטער פּאַרטיי אין גאַליציען) זענען גאָר יודען; די רוטענען האָבען געמוזט שטרייטען (אין דער עסטרייכישער פּאַרטיי) אומעטום פאַר זייערע נאַציאָנאַל־רעכט"; סוף כל סוף האָבען די פּוילישע סאָצ. דעמאָקראַטען איינגעזעהען, אַז די רוטענישע פּאַרטיי איז זעהר שטאַרק און אַז ניט מיט גוטען, וועט זי זיך מיט בייזען אָברייסען. דעריבער האָבען זיי זיך מישב געווען און געשלאָסען אַ שלום (אין „טאַג־בלאַט" און אין „ווסכוד" שרייבט דער זעלבער מ. כ־ן, אַז די רוטענישע פּאַרטיי איז זעהר שוואַך און אַז מען האָט איהר גלייך געגעבען נאַציאָנאַל־רעכט, ווייל דאָרט קומט איהם אזוי אויס צו שרייבען); „די יודען האָבען זיך גערעכענט (אין דער פּאַרטיי) אלס פּויליש־נאַציאָנאַלע... נאָך מעהר, די פּאַרטיי־פיהרער האָבען דאָס יודישע געפיהל און די יודישע שפּראַך אויף שריט און טריט בעליידיגט... א יודישע פּראָקלאַמאַציע אָדער א יודישע אַסיפה האָט מען פּשוט געמוזט אויסבעטלען. אַז האָט מען יאָ ארויסגעגעבען א יודישע פּראָקלאַמאַציע האָט מען געמוזט וועגען יעדען אויסדרוק קעמפּפען, וועגען יעדער רעדע־ווענדונג זיך קריעגען. דער נאָמען „יודישע ארבייטער" האָט אַפילו אין די יודישע פּראָקלאַמאַציעס ניט געטאָהרט דערמאָהנט ווערען, אזוי ווי עפּיס א טרפה, אַנ'אימריינע זאַך (זעה פּראָקלאַמאַציעס — נאָך לאַנג איידער די „פּאַרטיי" איז אויפגעקומען — מיט דעם טיטעל: צו די יודישע ארבייטער)... אַז יודען האָבען געוואָלט בעזונדער מאַכען א דעמאָנסטראַציע, האָט מען זיי אַפילו געסטראַשעט מיט — א פּאָגראָם" און מיט א זעלכע ליגענס איז פול די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ. ער האָט ניט נור אָבגעשריבען וואָרט אין וואָרט אַלע ליגענס און פאַנטאַזיעס פון „וואָס ווילען מיר", נור ער האָט נאָך צו־פאַבריצירט אייגענע.

פאַר דעם בערדיטשעווער יוד'ל איז אַלץ א געשעפט — אַפילו די פּרעסע־פרייהייט אין רוסלאַנד...

**די עלטעסטע פּוילישע צייטונג.** אין וואַרשוי האָט אויפגעהערט ארויסצוגעהען די „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ"; דאָס איז געווען די עלטעסטע פּוילישע צייטונג אין וואַרשוי און האָט עקזיסטירט 131 יאָהר.

**די ציוניסטישע פאָרטראַגען.** די לעצטע טעג פאַרשיטען אונז די קראָקויער ציוניסטען מיט פאָרטראַגען, וועלכע עס האַלטען „בעריהמטע" רעדנער פון וויען, טשערנאָוויטץ און ז. וו. ווער עס קען ניט אונזערע ציוניסטען וואָלט געוויס מיינען, אַז זיי ווילען אונז פאַר כל אַגעלד אויפקלעהרען. אין דער אמת'ן אָבער איז די אורזאַכע אַסך א פּראָזאאישערע. די ציוניסטען האַלטען איצט אָב אין קראָקוי זייער צווייטען פערבאַנדס־טאָג. עס זענען געקומען צופאָהרען געסט. מען דאַרף זיי ווייזען די מאַכט פון דעם ציוניזמוס אין קראָקוי. נאָר ווי אַזוי? צונויפרופען אַ פערזאַמלונג? עס ווילען אָבער קומען סאָציאַליסטישע ארבייטער און ווילען אויסוועהלען זייער פּרעזידיום. פאַלגט זיי אויף די המצאה און האַלטען פאָרטראַגען, אויף וועלכע מען דאַרף ניט וועהלען קיין פאָרזיצענדען. אונז דוכט זיך, די קראָקויער „פּועלי ציון" האָבען זיך ניט וואָס צו שעמען פאַר די געסט, ווייל די ציוניסטען זענען אין ערגיץ ניט שטאַרקער...

דער סאָציאַליסטישער זיעג ביי די וואַהלען אין שטאַדסראַטה פון ניעדער עסטרייך איז געוואָרען נאכדעם, ווי מען האָט איינגעפיהרט די פיערטע קוריע א געוועהנליכע ערשיינונג. דעם לעצטען זיעג האָבען אונזערע גענאָסען געהאַלטען דעם 15־טען ד. מ. אין האינבונג, וואו מען האָט אויסגעוועהלט אַלע פינף סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען. דער קאַמפּף איז געווען נאָך שווערער, ווייל די בורזשואַזע פּאַרטייען האָבען געמאַכט יד אחת געגען די אַרבייטער. נאָר דער ביזהעריגער שטאַדטספּרעזידענט ברעם האָט ערקלעהרט אויף אַ פאַר וואַהלען־פערזאַמלונג, אַז די פיערטע קוריע געהער צו די ארבייטער און האָט ניט אָנגענומען דעם מאַנדאַט, וואָס די בורזשואַזיע האָט איהם אין דער קוריע פּראָפּאָנירט.

די „פּועלי ציון" אָדער די פּאָליציי. אונזערע לעזער ווייסען שוין די געשיכטע פון די שענדליכע הייזער פּאָגראָמען אין וואַרשא; זיי ווייסען אויך, אַז דער „בונד" און פ. פּ. ס. האָבען ערקלעהרט, אַז דאָס האָבען ניט זיי אָרגאַניזירט דעם פּאָגראָם נור די פּאָליציי. די רוסישע צייטונגען האָט די צענזור ערלויבט צו ברענגען נאָר די ערשטע העלפט, דער „יודישער ארבייטער", דער „צענטראַל אָרגאַן" פון די „פּועלי ציון" איז געוואָהר געוואָרען פון „הזמן" אַז דער „בונד און פּ. פּ. ס. האָבען דעם פּאָגראָם ניט אָרגאַניזירט, איז ער אויף דעם פּאָגראָם ארויף געפאַלען ווי אויף אַ מציאה און האָט איהם צוגענומען פאַר די „פּועלי ציון". איצט פרעגען מיר: ווער האָט דעם פּאָגראָם אָרגאַניזירט, די „פּועלי־ציון" אָדער די פּאָליציי?

---

# די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין רוסלאַנד

## און אין רוסיש־פּוילען.

וועגען מינסקער אונרוהען שרייבט מען צום פריינד: א שרעקליכען טאָג האָבען איבערגעלעבט די מינסקער יודען, דאָנערשטאָג, ערב שבועות.

ביז א זייגער 5 נאָך האַלבען טאָג איז געווען גאַנץ רוהיג. גראָד ארום 5 א זייגער האָט עפּיס א גנב אויסגעגנב'עט ביי א סאָלדאַט א פּאָר רובל. דעם גנב האָט מען געחאַפּט און גענומען שלאָגען. אין מינסק איז מען זעהר אָנגעשראָקען, און ווי עס איז נור געוואָרען אין מאַרק א קליינע מהומה, האָט מען שוין צוגעמאַכט די קראָמען און עס איז געוואָרען איטעטום א געשריי: „עס האָט זיך אָנגעהויבען א פּאָגראָם". עס איז זיך אויפ'ן שטעל אָנגעלאָפען אַנ'עולם יודען, אין די סאָלדאַטען אַנ'ערך 200 מענשען, וואָס זענען געשטאַנען ארום דעם גנב, האָבען זיך א וואָרף געטהון אויף די יודען מיט דעם בעקאַנטען פּזמון: „שלאָגט די זשידעס! און עס פערשטעהט זיך. אַז מיט ווערטער אַליין האָט מען זיך ניט בעגנוגעט: מען האָט אָנגעהויבען רייסען שטיינער פון דעם ברוק פון גאַס און וואַרפען אין די יודען ווי אויך אין די יודישע הייזער. דער עולם האָט זיך א וואָרף געטהון אויף די סאָלדאַטען און זיי פערטריבען. א טייל פון די סאָלדאַטען האָבען זיך צונויפגעקליבען ווידער אין זיבעציגער גאַס, א טייל אויפ'ן הויכען מאַרק צווישען די קראָמען.

אין א קורצער צייט ארום איז אָנגעקומען אויפ'ן הויכען מאַרק די חברה זעלבסט־שוץ. דאָרטען איז שוין געווען א היבשע צאָהל פּאָליציאַנטען. הינטער דער פּאָליציי זענען געשטאַנען די סאָלדאַטען און געוואָרפען מיט שטיינער. די יונגע־לייט האָבען זיך דורכגעריסען דורך די שורה פּאָליציאַנטען און פערטריבען די סאָלדאַטען. די פּאָליציי האָט פערטריבען די חברים פון זעלבסט־שוץ. דערביי האָט מען 6 יודישע בחורים פערוואונדעט, דריינען דריי—שווער פערוואונדעט. אויף דער זיבעציגער גאַס האָט מען אויך פערוואונדעט צוויי, אויף דער קאַידענאַווער גאַס נאָך איינעם.

פון די פערוואונדעטע איז איינער געשטאָרבען. ער הייסט פּאָליאַקאָוו, א בוכהאַלטער אין קאָנטאָר „נאַדיעזשדאַ", ער איז אַלט געווען 36 יאָהר.

די יודען האָבען קיין רעוואָלווערען און קיין געוועהר ניט געהאַט.

דאָס נייע געוועהר — שיקען זעלנער געגען דער בעפעלקערונג. קען זיך ווענדען אין ניכען געגען דער רעגירונג זעלבסט, ווייל די זעלנער פערלירען דעם געפיהל פון דיסציפּלין, אָהן וועלבער דאָס מיליטער ווערט א בעוואַפענטע באַנדע, וועלכע איז זיך גרייט צו וואַרפען אויף אַלעמען.

ווי אזוי מען שרייבט איצט אין רוסלאַנד. ווי ווייט די צוים פון דער פּרעסע האָט זיך די צענזאָרען און דער פּאָליציי ארויסגערוקט פון די הענד, קען ציינען די ערשטע בעסטע ציטאַט פון א רוסישע פאָרטשריטענע צייטונג. אָט איז איינע: — „די איצטיגע פיהרונג פון רוסלאַנד האָט באַנקראָטירט. שרייבט פירסט עווגעני טרובעצקי אין „פּראַווא": קיין שום זאַך קאָן אויסקויפען די ערנידרינונג און די שאַנד, צו וועלכע זי האָט אונז געבראַכט... נענונג שוין מאַכען צו שאַנד און צו שפּאָט די עפענטליכע מיינונג. ציהען איצט ווייטער אָדער סטאַרען זיך איננאַנצען ניט אויספיהרען דעם אַלערהעכסטען רעסקריפּט פון 18־טען פעברואַר—קאָן ברענגען צו א קאַטאַסטראָפע...

---

גענאָסען, קלויבט אויפ'ן פּרעספאָנד.

פֿיעלייכט וועט דער זיעג פֿון די קראקויער גענאסען זיין א לעהרע פֿאר אונזערע לעמבערגער האנדעלס־אנגעשטעלטע, אז מיט אחדות מיט ארגאניזאציאן קען מען אלעס אויספֿיהרען. מען דארף נור ווילען.

א האנדעלס־אנגעשטעלטער.

קאָלאָמעא.

עס ריהרט זיך איבעראַל! ווער עס קוקט צו די בעוועגונגען פֿון דער איצטיגער צייט, דעם קומט ווירקליך א פֿרייד אינ'ם הערץ. דען, דער שטאַרקער בער, וועלכער איז ביז נישט לאַנג געלעגען געקעטעט און געשמידעט אין אייזען ריהרט זיך און צורייסט זיינע שקלאַווען קייטען. די אַרבייטער פֿון אַלע היעזיגען פֿאַבריקען, ראַפֿינערייען, קאַפֿעלפֿאבריקען, אַרבייטער פֿון בראַייהייזער, מילנער אָרגאַנידירען זיך און שארען זיך אונטער דער רויטער פֿאָהן. דאַנק דער אונערמידליכער אַרבייט פֿון גענ. חערער, אקאדעמיקער און נאָך איינינע גענאָסען, וועלכע האָבען דאַביי פֿיעל געליטען איז עס אונז געלונגען דורך מעהרערע פֿערטרויליכע פֿערזאַמלונגען די ארבייטער אין די פֿערשיעדענע פֿערבענדע איינצושליסען. טראָטץ דער פֿאָרזיכטיגקייט פֿון די פֿאַבריקאַנטען, וועלכע האָבען אַלע מיטעל גענען אונז אייגגעווענדעט; אזוי צום ביישפּיעל האָט הערר פֿריעדמאַן (ראַפֿינעריי און קערצען פֿאבריקאַנט) זיינע אַרבייטער ביער געגעבען ווען ער האָט געוואוסט, דאָס מיר ווארטען אויף זיי און ווילען איינע פֿערזאַמלונג אבהאַלטען. די אַרבייטער האָבען דאָס ביער געטרונקען; נאכהער זענען זיי צור פֿערזאַמלונג געקומען. געגאַנטער פֿאבריקאַנט האָט אויפֿגעבעסערט זיינע אַרבייטער מיט 10 קרייצער פער טאג, זיי זאָלען דעם פֿעראיינע ניט אנגעהערען. די אַרבייטער האָבען נאַטירליך דאָס געלד צוגענומען אָבער זענען דאָך צור אָרגאַניזאַציאָן געקומען. ענדליך איז דער פֿאבריקאַנט געפֿאלען אויף איין פֿאָרטהייל און האָט איין זשאַנדאַר אין די פֿאַבריק געבראַכט. דער אַניטאַטאָר און העלד האָט די אַלע אַרבייטער צוזאַמען גענומען און האָט זיי געזאָגט, אז זיי טוהן נישט גוט וואָס זיין צאהלען איין אין פֿערבאַנד. איהר האָפּט, זאָגט ער, אויף איין סטרייק; איין סטרייק פֿיהרט נאר צו 3 זאכען: פֿערוואונדונגען, קרימינאַל איין טויד. איהר וואָלט בעסער געטהון, איהר זאָלט אייך פֿאַרלאָזען אויפֿ'ן חסד פֿון אייער פֿאַבריקאַנט און אַז ער וועט אייך נישט העלפֿען, זאָלט איהר אייך ווענדען צום בעצירקסהויפטמאַן, ער וועט זיך געוויס אייער עולה אָננעהמען. די אַרבייטער האָבען איהם געאַנטוואָרטעט: ליידער ווארטען מיר שוין אויף די חסדים 20 יאָהר און אונזערע לאַגע ווערט וואָס אמאָל ערגער. איצט ווילען מיר שוין אליין פּרובען אונזער מאַכט.

שבת דעם 17 יוני האָבען מיר איינע פאלקספֿערזאַמלונג אים שטעדטישען פאַווילאָן איינבערופֿען מיט דער טאַגעסאָרדנונג: ציעל און נוטצען פֿון פֿערבאַנד, דער פאַווילאָן איז געוועזן פֿול און מעהרערע 100 ארבייטער האבען דען פלאַטץ פֿאר דעם פאַווילאָן געדעקט. גענ. שולאווסקי אויס קראקא האט אין 2 שטונדיגער רעדע קריטיזירט שטאַרק די איצטיגע שלעכטע פֿערהעלטניסע פֿון די אַרבייטער און פֿיהרט דורך די אָרגאַניזאציאָן איינער בעסערען צוקונפֿט צו, די צוהערער אונטערברעכען מעהרמאָלס דען רעדנער דורך בייפֿאל. נאך איהם האָט געשפּראָכען גענ. הערער אין דייטשער שפּראכע, ער שילדערט איבער די לאַגע פֿון די ארבייטערינען און קריענערייען, וועלכע אַרבייטען דורך דעם גאַנצען טאג זעהר שווער און 3 מאָהל אין די וואָכע נאכטשיכטען בּיז 12 און מאנכמאָהל ביז 6 אוהר פֿריה. דער עולם איז איבער דאָס פֿאַרגעו... פֿון די פֿאבריקאַנטען און דערארטיגע אזוי אויפֿגעבראכט, דאָס מעהרערע ספּ... און ניעדער רופֿע אויף זיי אויסגערופֿען ווארדע. זאָנטאג אם 18 האבען מיר איינע פֿאלקספֿערזאמלונג אבגעהאלטען אים ארבייטער הויז. גענ. הערער האָט רעפֿערירט נאך איהם גענ. שולאווסקי און דאן אולעארישוק. די פֿערזאמלונג איז געוועהן צאהלרייך בעזוכט. דערנאָך האבען מיר פֿערטרויליכע פֿערזאמלונגען אבגעהאלטען פֿון פֿערשיעדענע געווערקשאַפֿטען סעפּאראט און האבען די ארבייטער אין די פֿערשיעדענע געווערקשאַפֿטען אויפֿגענומען.

בעזאנדערס שעהן שטעהט עס דא מיט דער ארגאַניזאציאָן פֿון די טישלער. נאך מעהרערע פערטרויליכע פֿערזאמלונגען איז עס אונז געלונגען דעם לאקאלפֿעראיין אינס לעבען צורופֿען און איצט זענען די טישלער דעם רייכספֿערבאנד צוגעפֿיהרט געוואָרען די טישלער האלטען ווי איין מאָן, און וועה דעם דער אין איין ווערקשטאט דער אָרגאַניזאציאָן ניט אנגעהער, וואָלט ער געמאסרעגעלט געוואָרען אויף יעדער אַרט. דען די לאַגע פֿון די טישלערארבייטער איז דער אַרט שלעכט, דאָס די ארבייטסצייט דויערט 14 שטונדען אָבער האָפֿענטליך דורך די סאָלידאריטעט און אָרגאַניזאַציאָן וועט זיך איהרע לאַגע באלד פֿערבעסערן. דעם 24 פֿעראַנשטאלטען די היעזיגע טישלעראָרגאַניזאַציאָן אים אַרבייטער הויז איין גרינדונגספֿעסט מיט נאכשטעהענדעם פראָגראַם: 1 ברודערגרוס. 2 פֿעסטרעדע. 3 מוזיק־קאָנצערט. 4 דעקלאמאציאָן נאָך שלוס דעם

ענדיגס, ווען איך וואָלט ניט האָבען ביי מיר פֿול ליטעראַטור. אין אַפּאָר טעג ארום, שוין פֿאַר'ן ערשטען מאי איז אָנגעקימען אַ פֿרישער פּאַק מיט פּראָקלאַמאַציאָנען. עס איז שוין געווען נעגוג שפּעט, מען האָט זיך געמוזט איילען און דאָ זענען אַלע געווען פֿאַרנומען. אבי ווערמען געבען קען מען ניט. חיים שלמה האָט דאָס מאָהל געשווינען.

נו! רופֿט זיך אָן דער, וואָס האָט געבראַכט די פּראָקלאַמאַציאָנען, עס איז נימא קיין צייט צו קלערען, מען מח נעהמען און געהן. מיר זענען דאָ דריי, יעדער וועט נעהמען א דריטעל.

עס איז שוין אכט אזיינער ביי דער נאכט. אַלע אַרבייטער זענען שוין דאָ. אַלע זענען פֿרעהליך, דער טאָג האָט זיך זעהר איינגעגעבען. עס פֿעהלט נור חיים שלמה. אָם ענדע איז ער אויך אָנגעקומען. דאָס פּנים שיינט איהם פֿון שמחה; אויף די ליפּען אַ געלעכטעריל. ווי וואָט חיים שלמה!! האָבען זיך געלאָזט הערען שטימען פֿון אַלע זייטען. חיים שלמה איז געווען אמת צופֿרידען. דעם מאָהל האָט מען איהם ניט געדאַרפֿט פֿרעגען. ער האָט אַליין אָנגעהויבען דערצעהלען און מיט יעדען וואָרט איז ער אַריין געפֿאַלען אין אַ גרעסערע התפעלות. אַלע האָבען געהערט.

„זיי וועלען מיר שוין געדענקען, איך האָב מיט זיי שוין געלערנט בלק'.

— דערצעהלט, דערצעהלט.

דאָס בעטען איז אָבער געווען איבעריג: ער האָט ניט געדענקט אויפֿהערען.

„ווי איך בין אַרויס, שטעה איך און קלער, וואו אַהין געהט מען. צו וואַרפֿען אבי וואו, אָבגעבען אבי וועמען טאָר מען ניט. דאָס זענען אונזערע קוילען. מיר מוזען זעהן, אַז יעדע קויל זאָל טרעפֿען אין ציעל אַריין. מיר זענען אַליין די אָפּיצירען און די זעלנער. מיר דאַרפֿען אויף זיך אכטונג געבען ווי אַ אָפּיציער אויף דעם זעלנער. איך שטעה אזוי און טראַכט און דאַ רייט אַ קאָזאַק אויפֿ'ן פֿערד. איך האָב ניט געלאָזען לאַנג אויף זיך ווארטען. הויך בין איך געגונג (דער ביי האָט ער זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פֿינגער) און פֿלינק אויך. מיט איין האַנד האָב איך אַ חאַפּ געגעבען דעם פֿערד ביים העק, מיט דער צווייטער האָב איך דעם קאָזאַק אויפֿ'ן פּלייצע אָנגעקלעבט אַ פּראָקלאַמאַציאָן. היינט שטעלט אייך פֿאָר אַ בילד: דער קאָזאַק רייט אויפֿ'ן פֿערד און אונטער איהם געהט אַ מחנה מיט מענשען און לייענען אויף זיין פּלייצע די פּראָקלאַמציאָן. דער קאָזאַק ווייס ניט, וואָס עס איז, ער דרייט זיך אום מיט'ן פֿערד, דער עולם דרייט זיך אויך אום. איך האָב אָבער קיין צייט ניט געהאַט מעהר צוקוקען. איך לויף ווייטער.

אויף דער וויערצביצקא גאַס טרעף איך דעם זשאַנדאַרמאַסקען פּאָלקאָווניק. אָט, טראַכט איך, נאָט האָט דיר געשיקט. דו וועסט באַלד געוואָהר ווערען, ווער איך בין. איידער ער האָט זיך אומגעקוקט האָט ער שוין געהאַט אַ פּראָקלאַמאַציאָן אין קעשענע. צוויי קולאַקען האָט ער געקריגען אַ צולאָג און איך בין שוין געגאַנגען ווייטער.

ביי פֿיינקינדען אין פֿאַבריק האָט מיך דער סטרוזש ניט געוואָלט אַריינלאָזען. איך האָב מיך אָבער פֿאַרגעשטעלט פֿאַר אַ אַגענט. אויפֿ'ן שוועל טרעפֿט מיך דער פֿאַבריקאַנט. ווער זייט איהר? פֿרעגט ער מיך. שטיל, ווען ניט זייט איהר אַ הרוג. איהר ווילט וויסען ווער איך בין? איך בין אַ סאָ־ציאַ־ליסט. ער האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגען און האָט קוים אויסגעקייכט: טאָ וואָס ווילט איהר? האַלט דאָס מויל און ער האָט געהאַלטען. איך בין אַריין אין פֿאַבריק, צוטהיילט אַ היבש ביסעל פּראָקלאַמאַציאָנען, געהאַלטען אַ רעדע וועגען ערשטען מאי און בין געגאַנגען ווייטער מיין וועג. ער האָט אַזוי זעהר לאַנג דערצעהלט. יעדע איינציגע פּראָקלאַמאַציאָן האָט געהאַט איהר מעשה. אַ שטילקייט האָט געהערשט אין צימער. אַלע האָבען איהם געהערט מיט כונה. יעדער האָט מקנא געווען אין הארצען.

אויפֿ'ן צווייטען טאָג האָט מען געפֿינען אַלע פּראָקלאַמאַציאָנען, וואָס חיים שלמה האָט גענומען, בעהאַלטען אין זיין אויבער־מאַנטעל. אַלע האָבען אָבגעאַטעמט גרינגער...

לונדון 1903 $^{3}/_{י}$

מ—ן.



# Do Ameryki i Kanady!

przeprawia najtaniej i najlepiej pospiesznymi i pocztowymi, wprost bez żadnego przesiadania z okrętu na okręt:

Generalny agent

**M. G. Freudberg,** ANTWERPIA 10. Van Leriusstraat (Belgia)

Odjazd do **Nowego Yorku** co sobotę; do **Kanady** co 10 dni! Wikt najlepszy, usługa staranna.

Niechaj nikt pierwej nie jedzie za morze, zanim od tej Agencyi nie otrzyma wyjaśnień i cennika, który wysyła się chętnie i darmo.

---

# Ostrzeżenie!

**przed bezwartościowemi naśladownictwami!**

# KUNEROL

z poręczen. najczyściejszy tłuszcz roślinny z orzechów kokosowych zawierający 100% tłuszczu. — Żądać „KUNEROLU“ w każdym lepszym handlu spożywczym. Do miejscowości, gdzie niema „KUNEROLU“ wysyłamy na próbę około 5 kilogr brutto po cenie Kor. 6·50 opłatnie do każdej stacyi poczt austr. węg. za zaliczką. — Dla hurtowników specyalne ceny. Broszurki i świadectwa lekarzy darmo.

**Najstarsza i największa fabryka tłuszczu roślinnego w monarchii**

**Emanuel Khuner & Sohn**

Wien, XIV/2.

---

# Darmo i opłatnie otrzyma każdy mój bogato

illustrowany cennik

**Instrumentów muzycznych**

**oraz różnych zabawek**

# A. Scheuer, Kraków

**ulica Grodzka L. 59/6.**

---

## די אידישע ארבייטער ביבליאטעק

פון

דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי.

גן־עדן התחתון. פרייז: 2 העלער.
קאוטסקי. די אונאַבהענגיקייט פון פוילען. פרייז: 10 „
פייגענבוים. ווי קומט א יוד צו סאָצ.? פרייז: 20 „
א. וווראנסקי. די אידען אין פוילען. פרייז: 10 „
ש. דיקשטיין. פון וואָס איינער לעבט. פרייז: 20 „
וואָס יעדער ארבייטער דאַרף וויסען און געדענקען. 30 „
ליעבקנעכט. די וואַהרהייט איבער דעם סאָצ. 30 „
די ארבייטער רעוואָלוציאָן. פרייז: 15 „
א. דעמבסקי. סטאַניסלאַוו קוניצקי. פרייז: 10 „
מ. מיכלזאָהן. הערשעל דער שניידער. פרייז: 10 „
לאַטאַרניק. יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי. פרייז: 10 „
שפיאָן. פרייז: 15 „
לאַטאַרניק. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן. 20 „
ב. א. י. לודוויג וואַרינסקי. פרייז: 20 „
אמעריקאַנער. פיל יפינא פלאַסקאָוויצקא. פרייז: 10 „
ארבייטער געדיכטע. פרייז: 30 „
ב. א. י. אוגוסט בלאַצקי: פרייז: 10 „
א קלאָרער ענטפער (ביילאגע צום 8־טען נומער „ארבייטער“). פרייז: 15 „
די ארבייטער סאָלידאַריטעט און דער קאַמפף [illegible] אום דאזיין. פרייז: 10 „
פערדינאַנד לאַסאַל. פרייז: 15 „
מ. מיכלזאָהן. טאַדעאוש קאָשציושקאָ. פרייז 20 „
ב. פייגענבוים. דער רעכטער וועג. א ויכוח וועגען די פוילישע סאָציאַליסטיש פאַרטיי און איהרע פאָדערונגען, אין צוויי טהיילען. פרייז: 80 „

די אַלע בראָשורען ווי אויך אַלע פוילישע אויסגאַבען פון פ. פ. ס. זיינען צו בעקומען אין דער אדמיניסטראַציאָן פון „פשעדשוויט“. Kraków, Grodzka 50.

---

## די ביליגסטע בעצוגסקוועללע

אין י טען אוהרען, גאָלד און זילבער, ביזשוטערי, אוהרען־בעשטאַנדטיילע און ווערקציינגע, ווי אייך מוזיק־אינסטרומענטע איזט ביי

# IGNATZ CYPRES, Krakau.

**FLORYANERGASSE 49.**

איינע ניקעלטאַשענאוהר מיט 36 שטיק פרימא והדרקע מיט אויפשריפט ,סיסטעם ראָסקאָפף‘ מיט דרייאיעהריגער גאַראַנטיע זאַמט שענער ניקעלקעטע און לעדערבייטעל פל. 1,95.

ביי אבנאהמע פון דריי שטיק פל. 5,50, זעכס שטיק פל. 10.—.

רייך איללוסטרירטער פרייז־קוראַנט מיט 800 אבבילדונגען גראַטיס און פראַנקאָ.

אגענטען ווערדען געזוכט!

---

Proszę zawsze żądać **Wyrobu krajowego!**

**Munka oszczędzające, jędrne mydło**

**z „nosorożcem“ lub „kosą“**

z Pierwszej Galicyjskiej Parowej Fabryki **mydła i świec**

**Szymona Munka w Żywcu**

(Założonej w roku 1846) Próbki i cenniki darmo.

וויל מען באמת צונויפרופען די פארשטעהער פון פאלק, האט מען דערפון נעדארפט אנהויבען. אבער זאל מען נים מיינען, אז די רוסישע געזעלשאפט וועט זיך בעפרידיגען מיט כלומרשט א פערטרעטונג. איצט, ווען די אלטע אבגעלעבטע ארדנונג האט נעהאט א מפלה אויף דער יבשה און אויפ'ן ים, איצט ווען די לעצטע האפנונגען פון די ביוראקראטען האט איינגענומען דער תהום פון ים, בלייבט זיי נאר איינס—אונטערגעבען זיך. פון די, וואס האבען דערטרונקען אין קארעאישען ים דעם כבוד און די עהרע פון אונגער חיל, קאן מען פאדערן נאר איינס—זיי זאלען אויפהערען צו זארגען פאר דאס פאטערלאנד. זאלען די זארגען נעהמען אויף זיך די, וואס דאס פאלק וועט נעפינען, אז זיי פאסען דערצו".

**די הריגות פון די ארמענער.** גלייכצייטיג מיט די יודישע פאגראמען ארגאניזירט די רוסישע רעגירונג הריגות אויף די ארמענער דערפאר וואס האלטען זיים עטליכע יאהר הויך די פאהן פון בונט נעגען דער צארישער רעגירונג. און וייל פון איינזיים זענען דארטען דא די מאהאמעטאנער, ווילדע און פאנאטישע אזיאטען, וועלכע זענען גרייט צו די גרוליכסטע מהאטען און פון דער צווייטער־זייט די העלדישע ארמעניער וועלכע פערקויפען זייער לעבען גאנץ טייער, איז די צאהל פון די נעהרג'טע פון ביידע זייטען זעהר א גרויסע. נאך דער הרינה אין באקו האט זיך דער אנפאל אויף די ארמענער אנגעהויבען אין עריוואן, די ר. וויעד. שרייבען עס אזוי ארום:

„דריי טעג האבען זיך געצויגען די הריגות. דערהרג'עט זענען 31 מענשען, פערוואונדעט—42. 5 פון זיי זענען געשטארבען. די ארמענער האבען געווארפען א באמבע און דערהרג'עט דערמיט 10 טאטערן אין א הויז. די טאטערן האבען זיך דערשראקען. דערנאך האט מען מודיע געווען, אז מיליטער וועט שיסען. די הריגות האבען אויפגעהערט. די קאזאקען האבען דערהרג'עט איינעם א פוהרמאן און פערוואונדעט נאך עמיצען אנ'ארמענער. די חוליגאנעס האבען דריי מאל זיך געפרובט אונטערצינדען דעם ארט, וואו ס'געפינען זיך דאס רוב מאנאזינען. מען האפט, אז די טאטערן וועלען מורא האבען פון דאס ניי זיך נעהמען פאר די הריגות, וויל די ארמענער האבען זיך גוט ארגאניזירט. פון קריוואנער פאוויאט, פון נאחיטשעוואנער און דאראלאגעזער קומען אן שרעקליכע ידיעות. די ארמענער האבען געבעטען מען זאל זיי פערזארגען מיט געוועהר. נאר זיי האבען דאס נישט נע'פועל'ט. אומעטום איז א הונגער, א חורבן. מען האט מורא, אז די פערזישע קורדען פון יענער זייט גרעניץ זאלען נישט בעפאלען. א גרויסען אנטייל נעהמען אויך קריסטען, וואס פיהרען אב דאס אנגעראבעוועטע האב־און־גוטס קיין אויסלאנד".

**א ווייסע קראה.** די פערטרעטער פון דער יודישער און קריסטליכער בעפעלקערונג אין י ע ל י ס א וו ע ט ג ר א ד האבען אינאיינעם אויסגעארבייט א גאנצע רייהע מיטלען, ווי אבצוהיטען די שטאדט פון פאגראמען אויף יודען. עס איז אויך פארגעלענט געווארען ארויסצוגעבען אנ'אויפרוף, אין וועלכען עס וועט אנגעוויזען ווערען ווי יודען אזוי קריסטען, ווי עס איז נויטיג פאר זיי צו פעראייניגען זיך און ארבייטען צוזאמען, אום אבצוהיטען די ארדנונג אין שטאדט. פון טהעאריע צו פראקטיק איז — זאגט מען — אפילו גאנץ ווייט. נאר מיר גלויבען, אז אויך אין דער פראקטיק וועלען אזעלכע ערשיינונגען עפטער ווערען.

**א מהומה אין קאוונא.** אין קאוונא הערט מען נים אויף צו ריידען וועגען א פאגראם, די בעפעלקערונג איז אין שרעק. וואס טהוט זיך שוין אין די קליינע שטעדטליך, וואו די יודישע בעפעלקערונג איז ווירקליך א טראפען אין ים פון דער ארומיגער קריסטליכער בעפעלקערונג, אויב זאגאר אזא קהילה ווי קאוונא איז אין שרעק — איז נאטירליך נים צו בעשרייבען.

**די יודישע פערטרעטער אין דער שטאדטסראטה אין רוסלאנד.** ווי עס איז בעוואוסט, האבען די יודען אין רוסלאנד קיין רעכט נים אויסגעוועהלט ווערען אין קיין שום עפענטליכע אינסטיטוציאן. די שטאדט ראטה, זאגאר אין שטעדט וואס האבען די גרעסטע טהייל יודישע איינוואוינער, בעשטעהט פון סאמע קריסטען. ווייל אבער די יודישע בעפעלקערונג האט בעזונדערע אינטערעסען און איינקינפטען, וועלכע מען דארף ווידער אויסגעבען אויף זאכען, וועגען וועלכע די קריסטען האבען קיין בעגריף נים, איז געווען א מנהג, אז יעדע שטאדטסראטה האט פארבעטען עטליכע יודען און געלאזען זיי בייזיצען די בעראטהונגען איבער די ספעציעלע יודישע אינטערעסען, אהן דעם רעכט אבער צו שטימען. ביז נים לאנג האבען עס יודען נעדולדעט. אין דער לעצטער צייט אבער האט זיך אנגעהויבען אנ'אגיטאציאן, קיין יוד זאל נים אננעהמען דעם פארבעטען אין דומע (א שטאדטסראטה אין רוסלאנד), ביז מען וועט די יודען נים געבען די רעכט אויסוועהלער פארשטעהער אין דומע גלייך מיט די קריסטליכע בירגער. אזוי ווי די יודישע גלאסנע פון ווילנא און קישינעוו האבען זיך, ווי אין פיעל אנדערע ערטער, אבגעזאגט פון זייערע שטעלען, האבען די דארטיגע גובערנאטארען פארגעלענט די יודישע געמיינדען, זיי זאלען אויפ'ן פריוואט־אופן אויסקלויבען יודישע גלאסנע און זיי וועלען נאכדעם בעשטעטיגט ווערען. ווי „סין אט." מעלדעט האבען זיך די יודישע געמיינדעס אבגעזאגט דערפון ווארום זיי פערלאנגען פאר זיך דיזעלבע רעכט ביי די וואהלען, וואס עס האבען אלע אנדערע איינוואוינער.

**א פאליציאנט ווענינער אין ווארשא.** אין דעם פאליציאנט, וואס שטעהט אויף סמאטשע גאס האט מען נעכטען 11 דעם זיינער אווענדס אויסגעשאסען איינינע מאל פון א רעוואלווער. 2 קוילען האבען איהם געטראפען אין פערוואונדעט און א דריטע קויל האט געטראפען א הענדלער, וואס איז גראד פארביינעגאנגען. די שיסער זענען אנטלאפען.

**די רעליגיעזע טאלעראנץ אין רוסלאנד.** פון יעליסאוועטגראד טעלעגראפירט מען צום „רוס. סל.": בעת דעם פראצעס פון עטליכע שטונדיסטען (אזא רעליגיעזע סעקטע), וועלבע מען האט גע'משפט דערפאר, וואס זיי האבען אבגעריכט זייער נאטשעסדיענסט האט דער זעמסקער נאטשאלניק קאראשאן זיי פערהוערט אנצעווייזען אויף דעם אלערהעכסטען בעפעהל פון 17־טען אפריל, וועגען רעליגיאנספרייהייט: זיין פערוועהר האט ער סומך געווען דערויף, וואס דער בעפעהל איז נאך אפיציעל נישט אנגעקומען.

**שלעכטע צייטען פאר די רוסישע פאליציאנטען.** — „בירזש. וועדאם." שרייבט: „אזוי ווי דער רשות פון דער פעטערבורגער פאליציי ווערט איצט אויסעראָרדענטליך פערגרעסערט, רעכענט מען צו פערגרעסערן איהר געהאלט אויף 50 פראצענט. איינינע פאליציי־בעאמטע זאגען, אז זיי רעכענען אבצוזאגען זיך פון דער הוספה, און אט צוליעב וואס: נעווים, זאגען זיי, איז די הוספה זעהר וויכטיג; ווען מען פאדערט אבער וואס דערפאר, איז שוין בעסער אבזאגען זיך אי פון דער־הוספה, אי פון דער דיענסט, איידער אין צווייען מעהר ריזיקירען מיט'ן לעבען ביים ערפילען דעם דיענסט. דאס רוב פעטערבורגער פאליציאנטען זענען איינגעשראקען דורך די ידיעות, וואס קומען אן פון די דערפער און שטעדט וועגען דעם גורל פון די פאליציאנטען, וואס דער המון האט זיך אן זיי נוקם געווען, און זיי זענען נעגען דער רעפארם; זיי האבען בעשלאסען אבצוזאגען זיך פון דעם דיענסט, אויב די העכערע אדמיניסטראציע וועט עס דורכאוים פערלאנגען".

**וועמען זיי בעטען?** — די „פעט. טעל־אג." מעלדעט פון מינסק: נעהמענדיג אין בעטראכט, אז די קאזקען, דראגונער און פאליציאנטען שלאגען די, וועמען מען ארעסטירט און אויך די פריעדליכע איינוואוינער; אז זיי רייסען זיך אריין אין די פריוואטע דירות, און אז דאס אלץ רייצט אויף די בעפעלקערונג און רופט ארוים ביי איהר אנ'אונצופריעדענקייט, — האט די מינסקער שטאדט־דומע בעשלאסען צו דערלאנגען א בקשה דעם מיניסטער פון אינערן און דעם גובערנאטאר, מען זאל ארויסשיקען פון שטאדט די קאזאקען. א חוץ דעם איז בעשלאסען געווארען צו דערלאנגען א בקשה, מען זאל איבערנעכענען צום נעריכט די פאליציי־בעאמטע, דערפאר וואס זיי האבען עובר געווען זייער רשות, איבעראל זיינען די ליבעראלען גלייך פערבלענדעט: ביי דער רעגירונג בעטען זיי, זי זאל ארויסשיקען פון שטאדט די קאזאקען, וויל זיי שלאגען. און צו וואס האט מען זיי קיין מינסק געשיקט?

**די פויערים אונרוהען אין רוסלאנד.** די אונרוהען אויף די דערפער אין די באלטישע פראווינצען הערען נים אויף. יעדען טאג ברייננען די הינע צייטונגען ידיעות פון פערשידענע דעמאנסטראציעס אין די דערפער. מעהרסטענטיילס ווערען זיי געמאכט זונטאג אין די קירכען. על פי רוב לאזען די דעמאנסטראנטען אריין אין קירכע טויבען מיט רויטע לענטעס מיט רעוואלוציאנערע אויפשריפטען, אדער לענען ארויף אויף די טויבען פראקלאמאציעס, און בעת די טויבען פליהען ווארפען זיך די פראקלאמאציעס פאנאנדער איבער דער גאנצער קירכע. אין פיעל ערטער ווארפט מען באמבעס מיט א שלעכטען ריח און דער עולם מוז זיך צולויפען פון קירכע.

בכלל איז צו בעמערקען צווישען די לעטען נים נור א פאליטישע און עקאנאמישע בעוועגונג, נור אויך א שטארקע בעוועגונג נעגען דער רעליגיאן; די קירכע פערליערט איננאנצען איהר קדושה אין זייערע אויגען. משיח'ס צייטען!

---

## בריעף קאסטען.

גענ. ה. פ. קאלאמעא. שרייבט פראסט יודיש.

ה. האנדעלס־אנגעשטעלטע, לעמבערג. ווען איהר ווילט יעמאנדען קריטיקירען, מוזט איהר זיך אונטערשרייבען.

גענ. ד. סאלאמאנדער, לעמבערג. אייער קארעספאנרענץ האבען מיר נים בעקומען. מיר בעטען אייך זעהר אום קארעספאנדענצען און ארטיקלען.